מ. דאַניעל



# זאָרקי האָט גערעדט

מ. דאניעל

# זאָרקי האט גערעדט

קינדער־דערציילונג



קינדער־פארלאג
1935

רעדאקטער אי. גריגזײַד
צײכענונגען—פֿונ ס. גריבאָריעװ
טעכנירער—ס. שענקער
קאָרעקטאָר—ב. ראַבלינ

Бібліографічний опис цього видання вміщено в „Літопису Українського Друку“, „Картковому репертуарі“ та інших покажчиках Української Книжкової Палати.

Одобладіт № 990. Уповнов. Головліту № 3535. Замовл. № 1388. Тираж 3000 $1^1/_4$ друк. арк. Літер в 1 друк. арк. 18300. Папір 72x110 $^1/_{20}$. Здано до складання 17-XII 34. Підписано до друку 24-II 35 р. Черг. вид. № 25.

Друкарня ім. Левіна, Одеса, Пушкінська, 18.



פֿאַרוואָס האָבן אַלע אַזוי ליב זאַרקין?

ווייל זאַרקי איז דאָס סאַמע יונגסטע יינגעלע בא אונדז אין הויף. ער איז אַלט אינגאַנצן פינף יאָר.

זאַרקי פֿאַרמאָגט אַ קאָפּ שוואַרצע געקרייזלטע האָר, שוואַרצע אויגן, וואָס לייכטן אַזוי שטאַרק, פּונקט, ווי אַפֿן אָרט פון די אויגן וואָלטן בא אים צוויי גרויסע, ליכטיקע לאַמטערנס געברענט.

אָנגעטאָן איז ער שטענדיק אין אַ ריינינק בלאָ העמדעלע, מיט אַ רויטן גאַרטעלע איבערגעבונדן.

פון די קורצע הייזלעך קוקן אַרויס אַ פּאָר פּאַדבראַנטע שטייפע פיסלעך.

זאַרקי איז דער בעסטער לויפער אין הויף. אים איבעריאָגן קאָן אָדער אַ גרויס יינגל, אָדער אַ פֿליִקער אַווטאָמאָביל. פאַרשטייט זיך, אַז אַ יונגער געזונטער פערד, אָדער אַן אַעראָפּלאַן קאָן אים אויך אַריבעריאָגן. אָבער קינדער פון זיין עלטער — ניט.

א כאוועך איז ער אויך א גוטער. ווען די מאמע קומט פון פאבריק און ברענגט אים א נייַע צאצקע, טראָגט ער די צאצקע אַראָפּ אין הויף און גיט אַלע קינדער שפּילן. ווען א שלעכט ייִנגל וויל עמעצן שלאָגן, שטעלט זיך זאַרקי איַין און לאָזט ניט.

דערפאר האָבן אים אַלע הויף־קינדער ליב.

און דאָס, וואָס זאָרקי איז א שטומער, שטערט זיי ניט. זאָרקי גייט דאָך אויך אין א קינדער־גאָרטן. דאָרט, בא אים אין קינדער־גאָרטן איז ער דער בעסטער שילער. זיַינע פאָרטרעטן הענגט אפ דער וואנט און זייַנע געמעלן זייַנען אפילע געווען אויסגעשטעלט אין מאָסקווע.

ער האָט ליב פון שטיקלעך דראָט און האָלץ בויען הויב־קראנען, בריקן און פארשיידענע מאשינען, און אַלע זאָגן, אז ער וועט מיט דער צייַט, ווען ער וועט אויסוואקסן, זייַן זייער א גוטער אינזשעניער.

ווי אזוי ריידן די קינדער מיט אים?

גאָר פּאָשעט:

זאָרקי וויַיזט מיט די הענט, מאכט אויסדריקלעכע באַוועגונגען, שטאמלט ארויס איינציקע אָפּגעריסענע קלאנגען און אַלע פארשטייען אים.

נאָר איינמאָל איז זיך פארלאָפן אזא מייַסע: צו אונדז אין הויף זייַנען אריַינגעפאָרן נייַע שכיינים. בא די נייַע

שבייזנים איז געווען שוין א דערוואקסן ייִנגל, וועלכן מע האָט גערופן וויקטאָר. וויקטאָר האָט ניט געוווּסט, ווי שטארק די הויף־קינדער האָבן ליב דעם שטומען זאָרקין.

וויקטאָר איז אפן צווייטן טאָג אראָפּ אין הויף און דער־זען, ווי זאָרקי מאכט מיט די הענט, שרייַט ארויס מיט גרויס מאטערניש איינציקע קלאנגען און בעט די גרויסע פוטבאָל־פּילקע.

זאָרקי איז דאָך א שטומער און קאָן דאָך ניט ריידן, ווי אַלע קינדער. אָבער וויקטאָר האָט א ווײַלע געקוקט אפ זאָרקיס מאַכן מיט די הענט און זיך הויך פאנאנדערגע־לאכט. ווען ער האָט אופגעהערט לאכן, האָט ער גענומען איבערקרימען און כויזעקן פונעם קליינעם זאָרקין:

— שטומע ליאַלע...

— שטומע ליאַלע!..

זאָרקי האָט א ווײַלע געקוקט אפ אים פארוווּנדערט, און ווען ער האָט פארשטאנען, אז דאָס נײַע ייִנגל רייצט זיך און לאכט פון זײַן אומגליק, איז ער געוואָרן שטארק אינ־קאָעס. די קליינע הענטלעך האָבן זיך פארדריקט אין פויסט־לעך. די שווארצע אויגן, וואָס ברענען שטענדיק, ווי גרוי־סע אָנגעצונדענע לאמטערנס, האָבן זיך נאָך שטארקער אָנגעצונדן. ער איז צוגעלאָפן צום ייִנגל, ווי א קעצל

אונטערגעשפרונגען, ווי ער וואָלט געוואָלט אים אויסגראַבלען די לאַכנדיקע שלעכטע אויגן.



שטומע ליאַלע! שטומע ליאַלע!

אָבער צווישן שלעכטן יינגל און אופגערעגטן זאַרקין איז אויסגעוואַקסן מילקע דער פּיאָנער.

אַלע קינדער האָבן מיט א פאַרכאַפּטן אָטעם געוואַרט, וואָס עס וועט ווייַטער זייַן.

מילקע האָט פריער פאר אַלץ בארויקט דעם קליינעם זאָרקין, אים, ווי א ברודער, געגלעט די געקרייזלטע האָר, און אפ שטום־לאָשן דערקלערט, אז ער וועט באשטראָפן דעם שלעכטן יינגל. ווען דער קליינער זאָרקי האָט זיך בארויקט, האָט זיך מילקע אויסגעקערט צו וויקטאָרן און שטרענג ארויסגעזאָגט:

— וויקטאָר, דו האָסט באליידיקט אונדזער קליינעם באוואוער, דערפאר מוזטו באשטראָפט ווערן, נאָר ווייל דו ביסט אין הויף א נייער שאָכן, וועט דיין שטראָף זיין א לייכטע:

— צען טעג וועט קיינער פון אונדזערע הויף־קינדער מיט דיר ניט שפילן. איצט קאָנסטו גיין...

— ריכטיק! — האָבן אלע קינדער אויסגעשריגן.

— ס'קומט אים אזוי! — זיינען אלע מאסקים געווען.

— נו, נו... האָט מיט פרייד אויסגעשריגן זאָרקי, און די אויגעלעך האָבן בא אים געפינקלט פון דאנקבארקייט.

אָבער אפ וויקטאָרן האָבן די קינדערשע אויסגעשרייען און מילקעס רייד ניט געמאכט קיין גרויסן רושעם.

ער האָט זיך הויך פאנאנדערגעלאכט און גראָב געענטפערט:

— איך האָב אן אייגענע פילקע, און קאָן זיך באגיין אָן אייך, און אויב אייך איז אזוי טייער דער שטומער זאָרקי,

קאָנט איר זיך צעקושן מיט דער שטומער ליאַלע... איך ווייל מיט אים ניט שפּילן.

מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ איז ער אַוועק אַהיים.

ס'איז אַוועק אַ טאָג, אַ צווייטער, אַ דריטער, און קיינער פון די קינדער האָבן ניט געוואָלט שפּילן מיט וויקטאָרן.

אַלעמאָל, ווען ער פלעגט וועלן אַריינטרעטן אין אַ פרייי־לעכער שפּיל, זיינען די קינדער פון אים אַוועק.

גאַנצע טעג האָט ער זיך אַרומגעוואַלגערט איבערן הויף אַלייין אָפּגעזונדערט, געטריבן אַ פאַרומערטער זיין פּילקע, און צוגעקוקט און צוגעהערט דעם פריילעכן געלעכטער און די שפּילערייען פון זאָרקין מיט זיינע כאַוויירים.

דערווייל איז געקומען דער טאָג פון 1־טן מיי.

דער כאַרקאָווער הימל האָט אויסגעוויקלט אַ לויטערן זוניקן טאָג. זאָרקי אין אַן אויסגעפּוצטער אין אַ רויטינק העמ־דעלע, אַ צוגעקעמטער און גליקלעכער — איז געזעסן בא זיין טאַטן אויף די פּלייצעס, מיט די שטייפע פיסלעך האָט ער אַרומגעכאַפּט דעם טאַטנס האַלדז.

זאָרקי איז שטאַרק ענלעך געווען אויף אַ לעבעדיקער, פריידיקער פאָן, וואָס שווימט איבער טויזנטער קעפּ, טראָגט זיך אַלץ נענטער צום יאָנטעוודיקן פּלאַץ.

הינטער אים: מוזיק, געזאַנג, פאָנען און טענץ.

בא די זייטן: מוזיק, געזאַנג, פאָנען און טענץ.

פֿאַרויס אים: מוזיק, געזאַנג, פֿאָנען און טענץ.

און ער איז העכער פֿון אַלעמען, און ער זעט ווײַט, ווײַט פֿאָרויס.

און אויב ס'זאָל טרעפֿן אַן אומגליק און ער קולייעט זיך אַראָפּ פֿון טאַטנס פּלייצעס, איז ניט שרעקלעך, ווײַל פֿאַלן וועט זאָרקי אַף אַרבעטער־הענט.

ניטאָ הײַנט קײַן ברוק, דער ברוק איז פֿאַרנומען מיט טויזנטער מאַרשירנדיקע אַרבעטער.

און אָט איז שוין דער פּלאַץ. מע טראָגט זאָרקין פֿאַרבײַ דער טריבונע.

אַף דער טריבונע שטייען זײַנע באַקאַנטע פּאָרטרעטן.

אָבער ס'איז אַ גרויסער װוּנדער — די פּאָרטרעטן שמייכלען, באַוועגן זיך, שרײַען, פּאַטשן מיט די הענט. איינער פֿון די פּאָרטרעטן, וואָס הענגט בײַ אים אַף דער וואַנט, איז אַרומגערינגלט מיט זייער אַסאַך קינדער. די קינדער האָבן אים, קאָנטשיק, שטאַרק ליב, זיי לאַשטשען זיך צו אים, שרײַען אָפּט אויס זײַן נאָמען, און ער גלעט זיי איבער די קעפּלעך.

די מאַכנעס מאַרשירנדיקע אַרבעטער כאַפּן אונטער די קינדערשע אויסגעשרייען, און ווײַט איבער דער שטאָט, און ווידעריק צו דער ערד, און הויך צום הימל־הילכט:

— פּ אָ ס ט י ש ע וו!
— ק אָ ס י אָ ר!
— ז א ט אָ נ ס ק י!

און פּאָסטישעוו איז אָנגעטאָן אין א ווײַס לײַוונטן העמדל. די גלײַכע, גלאַט פּארקעמטע האָר זײַנען עטוואָס צעשויבערט און פאלן אפן הויכן שטערן. דאָס מאָגערע פּאָנעם שמייכלט מילד.

זאָרקין דאכט זיך, אז ער מוז דעם שמייכלענדיקן פּאָסטישעוון געבן צוּוויסן, אז ער, זאָרקי, זיצט באַם טאטן אף די פּלייצעס און אים געפעלט שטארק, וואָס זײַן באַקאַנטער פּאָרטרעט געפינט זיך אין דער ארומרינגלונג פון פריילעכע קינדער, און ניט פון דערוואקסענע.

אָבער ווי טוט מען עס?

ווען ער קאָן ריידן, וואָלט ער געוויס אויסגעשריען:

— הורא, כאַווער פּאָסטישעוו, סטאלינס בעסטער מיטקעמפער!

אזוי שרײַען אלע דערוואקסענע, אזוי איז אָנגעשריבן אף אלע ווענט פון דער יאָנטעוודיקער שטאָט.

אָבער זאָרקי איז דאָך א שטומער, און קאָן ניט ריידן. וואָס טוט ער?

ער הויבט אוף ביידע הענטלעך אין די רויטינקע ארבעלעך און הייבט אָן מיט זיי פּאטשן בראַוואָ.



אפ דער טריבונע שטייענ זײַנע באקאנטע פּאָרטרעטנ.

זײַן טאטע איז דעמלט גראד געשטאנען קעגן דער טריבונע. זײַן באקאנטער פּאָרטרעט האָט זיך נאָך פרײלע־כער צעשמײכלט, און זאָרקין באגריסט מיט דער האנט.

אזוי האָט זיך זאָרקין געדאכט.

אזוי האָבן אלע קינדער שפּעטער גערעדט אין הויף, און זאָרקין נאָך שטארקער ליב באקומען.

* * *

וויקטאָר זיצט אין שטוב און לערנט אפ אויסווייניק עפּעס א לאנגן געדיכט.

ער טראכט: מאָרגן וועט אין קלוב זײַן א גרויסער קינ־דערשער יאָנטעוו. דאן וועט ער ארויסגיין אפ דער טריבונע און וועט איבערלייענען מיט א הילכיקער שטים דעם לאנגן געדיכט, און אלע קינדער וועלן זען, ווי שיין ער קאָן דעקלאמירן. געוויס וועלן זיי אים מעקאנען זײַן... זיי וועלן אים ארומרינגלען און בעטן, ער זאָל זיי איבערלער־נען דעם געדיכט. דאן וועט ער זיי זאָגן:

— בעט באם שטומען זאָרקין, ער איז דאָך אײַער בא־ליבטער כאווער — און מיט א שטאָלצן אופגעהויבענעם קאָפּ אוועקגיין.

אָבער געטראָפן האָט ניט אזוי:

אין קלוב האָט געשפּילט אן עמעסער אָרקעסטער מוזיק. די קינדער האָבן מיט באגײַסטערונג באטאפּט די גרויסע

מעשענע טרובעס, און ווער עס האָט שטארק געוואָלט, האָט באקומען א דערלויבעניש אריינבלאָזן אין טרובע. אָבער קיין קלאנגען זיינען ניט ארויס. דער עלצטער מוזיקאנט האָט דערקלערט, אז דאָס איז דערפאר, ווייל אין די קיינ־דערשע לונגען איז דאָ נאָך ווייניק לופט.

דערנאָך האָט מען געטאנצט. דערנאָך האָט מען געזונ־גען, און מאטאָנעס האָט יעדער קינד געהאט פולע קעשע־נעס. בא צוויי כעוורע זיינען די שאָקאָלאד־קאָנפעטן פון היץ צעגאנגען געוואָרן און פארפלעקט די העלע הייזלעך. די כעוורע האָבן טאקע געמוזט לויפן אהיימ זיך איבערטאָן. זאָרקי האָט זיינע מאטאָנעס געהאלטן אין די הענט, ווייל אין זיינע הייזלעך איז קיין קעשענעס ניט געווען. דאָס מיילעכל איז געווען אויסגעשמירט אין שאָקאָלאד, און די אויגעלעך האָבן געברענט, ווי קיינמאָל ניט. ער האָט בא־גלייך מיט די קינדער געטאנצט, געשפרונגען, אומגעלאָפן. נאָר אָט האָט מילקע ראדלאָוו דערקלערט, אז ס׳הויבט זיך אָן די פראָגראמ.

מע האָט אופגעהויבן דעמ פאָרהאנג אפ דער בינע, פונקט, ווי אין אן עמעסן טעאטער.

די ערשטע האָט דעקלאמירט די דריי־יאָריקע וויגדע, מיטן רויטן באנד און זיידענעמ קליידעלע. א שטימעלע האָט זי געהאט זייער א דינינקס און שוואכס, און אינמיטן

האָט זי פאַרגעסן גאַנצע פיר שורעס, און די מאַמע האָט זי געמוזט אַראָפּטראָגן פון דער בינע.

אָבער ס'מאַכט ניט אויס. מע האָט איר געפּאַטשט „בראַוואָ".

זאָרקי איז געשטאַנען אין אַ ווינקל, געקוקט ווי זײַנע כאַווײרים שטייען אַזוינע ליכטנדיקע און גליקלעכע אויף דער בינע. מיט זײַנע פאַרשמירטע שטומע ליפּן האָט ער עפּעס געשעפּטשעט און נאָכגעזאָגט. אָפט פלעגט ער בעמען מאַכן מיט די הענט, און ווען אַלע האָבן געלאַכט, האָט זײַן פּאָנעם אויך געלאַכט.

אָבער וואָס ווײַטער די קינדער האָבן דעקלאַמירט, אַלץ אומרויִקער איז דער קליינער זאָרקי געוואָרן. ער האָט שוין ניט געקאָנט אײַנשטיין אויף איין אָרט. די מאַטאָנעס איבערגעלייגט פון איין האַנט אין דער צווייטער. עפּעס אויף שטום־לאָשן געמאַכט צו זײַן מאַמען. די מאַמע האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער וויל פון איר, אים צערטלעך געגלעט די געקרײַזלטע שוואַרצע האָר און געוואָלט אים אָפּפירן אַהיים.

נאָר זאָרקי האָט אַהיים ניט געוואָלט גיין. אין קלוב האָט ער געוואָלט זײַן, נאָר נאָענט בײַ דער בינע, ווו ס'שטייען זײַנע כאַווײרים און דעקלאַמירן מיט הילכיקע שטימען וועגן לעניגען, ערשטן מײַ און גרינע פעלדער.

ווען וויקטאָר האָט געענדיקט לייענען זײַן לאַנגן גע־
דיכט איז אין קלוב פאַרבליבן די זעלבע שטילקייט, וואָס
איז געווען, ווען ער האָט געלייענט. די קינדער האָבן ניט
פאַרגעסן זײַן גראָבקייט. ער איז א ווײַלע נאָך געשטאַנען
אױף דער בינע, געוואַרט, די קינדער זאָלן אָנהויבן פּאַטשן
מיט די הענט און שרײַען „בראַוואָ", ער האָט דאָך געלייענט
בעסער פון אַלע אַנדערע הויף־קינדער. אָבער אין קלוב
איז נאָך אַלץ געווען שטיל. און פּלוצים האָט דער קליינער
זאַרקי אַוועקגעוואָרפן די מאַטאָנעס, מיט די פרײַ־געוואָ־
רענע הענטלעך זיך אײַנגעקלאַמערט אין דער מאַמעס
קלייד, און גענומען זי שלעפּן צו דער בינע. פריער האָט
קיינער ניט פאַרשטאַנען, וואָס דער קליינער זאַרקי וויל,
נאָר אָט שטייט ער שוין אויף דער בינע, דאָס פּענעמל איז
צונטער־רויט, ווי דאָס גאַנצע בלוט וואָלט אין פּאָנעם
ארײַן. די אויגלעך זײַנען ברייט צעעפנט און לויכטן מיט
פרייד און פּײַן. ער שטייט א פאַרלוירענער און שטומער,
מאַכט מאָדנע אָפּגעריסענע באַוועגונגען, שטרענגט אָן אַלע
קויכעס, און ווי ער וואָלט צונויפגעקליבן אַלע פינף יאָר
שטומעניש, שרײַט ער הויך און אומדײַטלעך אַרויס:

— מײַ, מײַ, מײַ...

גו־גו־גו...

מײַ, מײַ, מײַ...

א ווײַלע איז אינ קלוב שטיל געווענ. אלע האָבנ, ווי פארצויבערטע געהערט, ווי דער שטומער זאָרקי שרײַט ארויס מיט אלע זײַנע קינדערשע קויכעס די עטלעכע אָפּ־געריסענע קלאנגענ. ווענ די קינדער האָבנ פארשטאנענ, אז ז'ער שטומער זאָרקי האָט הײַנט צום ערשטנ מאָל גע־רעדט, האָבנ זיי זיכ געוואָרפנ אפ דער בינע, ארומגעכאפּט אימ, אופגעהויבנ, אונ גענומענ טראָגנ אפ די הענט. א פריילעכער, גליקלעכער קינדערשער געשריי כוואליעט זיכ אונ טראָגט זיכ איבערנ יאָנטעוו:

— זאָרקי האָט גערעדט!

— זאָרקי האָט דעקלאמירט!

— הורא זאָרקי!

— זאָרקי איז ניט קײַנ שטומער!

אונ זאָרקי שטייט א גליקלעכער, ארומגערינגלט פונ אלע הויפ־קינדער אונ שמייכלט פארשעמט. א טאנצנדיקער קינדערשער קאראהאָד דרייט זיכ ארומ אימ אונ אלע זינ־גענ זאָרקיס ליד:

— מײַ, מײַ, מײַ.

— גו־גו־גו...

— מײַ, מײַ, מײַ.

— גו־גו־גו...

ווענ די קינדערשע פיסלעכ זײַנענ שוינ געווענ שטארק



— איך װיל מיט דיר זײַן כאַװערן

מיד אונ דער קאראהאָד איז אפ א רעגעלע שטיינ געבליבנ, איז צו זאַרקינ צוגעגאנגענ וויקטאָר, אים אויסגעשטרעקט א האנט אונ אים געגעבנ אלע זײַנע מאטאָנעס.

— איכ וויל מיט דיר זײַנ כאוועֶר.

— גו־גו־גוט — האָבנ אלע קינדער אויסגעשריענ, אונ וויקטאָרנ ווי א גלײַכנ כאוועֶר אינ קאראהאָד ארײַנגענומענ.

פונ יענעמ טאָג אָנ איז וויקטאָר געוואָרנ זאַרקיס איבער־געגעבנסטער כאוועֶר.

---

